# באריכט

פון די טעטיקייטן פון די

# הסתדרות חכמי לובלין

**פאַרן יאָר 1947 — ביז 1948**



ביי

נ. קראַוויץ

רעדאַקטאָר פון אידישן וועג

שיקאַגאָ

584



מרן מהר"ם שפירא, זצ"ל, גרינדער פון דער וועלט-באַרימטער
ישיבת חכמי לובלין



געגעראל דזשוליוס קליין, טשערמאַן פון עקזעקוטיוו באָארד, פון „הסתדרות חכמי לובלין", רעפּיודזשי דיוויזשאָן, האָט ארויסגעגעבן א ווארעמען רוף, ווענן הילף פאר דער אָרגאניזאציע.



הרב אברהם מרדכי הערשבערג, פּרע־
זידענט פון „הסתדרות חכמי לובלין"
אין מיליטערישע קליידער בשעת
זיין רייזע אין אייראָפּע.



דער ראש ישיבה פון דער ישיבת חכמי לובלין, אין אולם,
דייטשלאַנד, לערנט אַ בלאַט גמרא פאַר די תלמידים
פון די די. פּ. לאַגערן.

די „הסתדרות חכמי לובלין" האָט במשך דעם יאָר 1947 און אָנהויב יאָר 1948 דורכגעפירט גרויסע אַרבעטן וואָס פאַרדינען באַקאַנט צו ווערן צום ברייטן עולם.

1. אַ גרויסע ישיבה איז געעפנט געוואָרן אין דער קאָלאָניע „זכרון מאיר" אין ארץ ישראל, אונטער דער השגחה און לייטונג פון הרב הגאון ר' שמואל וואזשנער. גלייכצייטיק איז אַ גרעסערע צאָל תלמידים, וועלכע האָבן געשמאַכט אין די לאַגערן פון אייראָפּע, אַריבערגעבראַכט געוואָרן קיין ארץ

ישראל. איצט ווערן געמאַכט פּלענער אַז די ישיבה זאָל האָבן איר אייגענע גרויסע געביידע. אַזאַ בנין ווערט געפּלאַנט אויפגעשטעלט צו ווערן, אַריינצונעמען 200 יתומים פון די לאַגערן.

2. ווען הרב אברהם מרדכי הערשבערג, פּרעזידענט פון דער „הסתדרות" האָט לעצטן זומער באַזוכט אייראָפּע, האָט ער געגרינדעט און געעפנט די ישיבת חכמי לובלין אין גאַסטיין, (20 מייל פון פּאַריז), פראַנקרייך, אָנגעפירט פון הרב הגאון שטייכל, הרב הגאון אליעזר פעלדבערגער, הרב הגאון האַלבערשטאַם, און הר' בערצי שפּירא, זון פון הרב אברהם שפּירא, ברודער פון מהר"ם שפּירא, זצ"ל. עס זיינען אַריבערגעבראַכט געוואָרן אַ צאָל יתומים פון די לאַגערן, וועלכע קריגן שפּייז און וואוינונג אין דער ישיבה. איצט לערנען שוין דאָרטן איבער פופציק תלמידים זיצנדיק על התורה והעבודה יומם ולילה. די ישיבה שטייט אונטער דער השגחה פון ועד הרבנים פון פּאַריז מיט הרב רובינשטיין בראש.

3. עס איז געגרינדעט געוואָרן אַ „כולל" פון יונגעלייט אין נאָמען פון מהר"ם שפּירא — אין לאַנדסבערג, דייטשלאַנד, צוזאַמען מיט אַ ישיבה קטנה אונטער דער פירערשאַפט פון הרב הגאון ר' יוסף כרמל, און אַ ישיבה גדולה אין אולם, אונטער די אָנפירערשאַפט פון דעם אולמער רב, הרב הגאון ר' לייבל אויסאבעל, תלמיד פון לובלין. אויך אַ ישיבה קטנה, אין וועלכער עס לערנען אַ סך יתומים.

4. עס איז געגרינדעט געוואָרן אַ ועד להוצאת ספרים, וואָס זאָל זיך אָפּגעבן מיט אַרויסגעבן ש"ס און אַנדערע ספרים פאַר די לומדי־תורה פון אייראָפּע. מחמת דעם גרויסן מאַנגעל אין ספרים אין אייראָפּע, נאָכדעם ווי אונזערע שונאים האָבן צושטערט אונזערע אוצרות, איז דער ועד שוין צוגעטראָטן צו דער אַרבעט. די אַרבעט ווערט אָנגעפירט פון הויפּט רב פון צעלע, הרב הגאון ר' ישראל משה

אלעווסקי. צוויי אָפּטיילונגען זיינען געשאַפן געוואָרן איינע אין עסטרייך און די צווייטע — אין דייטשלאַנד, וועלכע ווערן געשטיצט און אויסגעהאַלטן פון דער „הסתדרות חכמי לובלין".

5. אין דער זעלביקער צייט איז געשיקט געוואָרן שטיצע און פעקלעך צו פאַרשיידענע בני־תורה און רבנים אַזוי גוט ווי תלמידי חכמים, וועלכע האָבן זיך געווענדעט צו דער „הסתדרות" נאָך הילף. עס זיינען אויך צוגעגרייט געוואָרן הונדערטער אַפידייוויטס.

אויף זיין באַזוך אין אייראָפּע האָט הרב הגאון אברהם מרדכי הערשבערג, פּרעזידענט פון דער „הסתדרות חכמי לובלין" קאָנפערירט מיט די רבנים פון פאַרשיידענע לענדער



הרב א. מ. הערשבערג קאָנפערירט מיט די פירער פון דער „הסתדרות חכמי לובלן" אין דייטשלאַנד.

וועגן דער לאַגע פון די לובלינער תלמידים און אַנדערע שארית הפליטה. ער האָט באַזוכט לאָנדאָן, פּאַריז, מינכען, און פּראַג. ער איז געווען אַ לענגערע צייט אין די די. פּי. לאַגערן און האָט שטודירט די לאַגע אויפן אָרט. די געגרינדעטע ישיבות זיינען אַ דירעקטער רעזולטאַט פון זיין נסיעה און אַרבעט אין אייראָפּע.

לעצטנס מיטן אָנקומען פון הרב אברהם שפּיראָ קיין אַמעריקע איז געעפנט געוואָרן אין ניו יאָרק דער הויפּט אָפּיס




די שיינע געביידע פון דער לובלינער ישיבה אין גאסטען, פראנקרייך, 20 מייל פון פאריז. אין דער ישיבה זיינען אריבערגעבראכט געוואָרן פון די ד.. פי. לאגערן, איבער 50 יתומים־תלמידים, וועלכע זיצן יומם ולילה על התורה.

פון אַמעריקע, וועלכער פירט אָן אַ גרויסע טעטיקייט פאַר הצלת נפשות און פאַר גרינדן ישיבות אין פאַרשיידענע לענדער.




אויפן בילד זעט איר הרב א. מ. הערשבערג צוזאַמען מיט די
תלמידים און ראשי ישיבה פון דער ישיבת חכמי לובלין
אין אולם, דייטשלאַנד

6. די „הסתדרות מוקירי חכמי לובלין״ פון שיקאַגע, אַן אָרגאַניזאַציע פון פריינט און טוער לטובת די לובלי־נער ישיבות, אונטער דער פירערשאַפט פון מר. יוסף בוירק, מר. פינקוואַטער, מר. יוסף ראבינסאָן און אַנדערע; און די צוויי אוקזילערים, מרס. ד. קירשנער, פרעזידענטין וועסט־סייד און מרס. ס. נ. סאסעוויטש פרעזידענטין נאָרט וועסט סייד, זיינען לעצטנס זייער אַקטיוו צו שאַפן פאָנדן פאַר ווייטערדי־קער אַרבעט, און שיקן פעקלאַך אין אַלע טיילן פון אייראָפּע.

7. די באַרימטע ישיבה אין עקסלאַבען, פראַנקרייך, וועמעס נאָמען איז „ישיבת חכמי צרפת״, אונטער דער פירערשאַפט פון הרב דר. משה לייבעל, תלמיד

פון ישיבת חכמי לובלין, וואו עס געפינען זיך הונדערטער תל־מידים פון פראַנקרייך, מאַראָקאָ, און יתומים־פליטים פון פוילן, וואָס ווערן אויסגעהאַלטן מיט אַלעס נויטיקן, ווערט אויך געשטיצט פון דער „הסתדרות חכמי לובלין".

8. די „הסתדרות חכמי לובלין" האָט געהאָלפן אַרי־בערברענגען הונדערטער תלמידים און סתם פליטים פון די לאַגערן אין אייראָפּע און פון שאַנכאַי, וועלכע קריגן איצט שטיצע, אַז זיי זאָלן קאָנען זיך איינאָרדענען דאָ אין לאַנד און אין ארץ ישראל.

9. די „הסתדרות חכמי לובלין" גיט אַרויס אַ מאָנאַט־ליכן תורה זשורנאַל אונטערן נאָמען „אור המאיר", וואָס דערשיינט אין נויאָרק, רעדאַקטירט פון הרב שפּיראָ.



אַ מיטינג אין אולם פון די ראשי ישיבות און רבנים ביי דעם אַלוועלטליכן קאָנפערענץ פון די „הסתדרות חכמי לובלין" אין די די. פּי. לאַגערן.

10. עס איז אויך געגרינדעט געוואָרן אַ „ועד מפיצי־אור המאיר" אין אַמעריקע, וועמעס ציל עס איז אַרויסצו־געבן ספרים און חדושים פון יונגע גדולי התורה, וועלכע האָבן ניט די מעגליכקייט די ספרים אַרויסצוגעבן.

11. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ „מפיצי אור המאיר" פאָנד, אָן דער שפּיץ פון וועלכן עס שטייען די גרעסטע גאו־ני תורה פון אַמעריקע, וועלכע וועלן יעדן יאָר אַרויסגעבן אַ פרעמיום פאַר די בעסטע חיבורים פון יאָר.

12. די „הסתדרות חכמי לובלין" האָט זיך פאַרנומען צו שאַפן מערערע ישיבות אין דעם גייסט פון לובלין אין אַמעריקע.

אַ גרויסע ישיבה איז יעצט געעפנט געוואָרן אין נויאָרק, מיט דעם נאָמען „בית מדרש גבוה לראשי ישיבות" דחכמי לובלין — וואו עס זיינען אַריינגענומען געוואָרן אַלע אַריבער־געקומענע תלמידים פון אייראָפּע און פון שאַנכאַי, און אַ גרויסער בילדינג ווערט געקויפט ווערן פאַר דעם גרויסן תורה צענטער.

עקזעקוטיוו טשערמאַן פון שיקאַגאָ איז דער באַקאַנ־טער געלערנטער דזשאדזש סעמיועל העלער. דער טשערמאַן פון דער רעפּיודזשי אַפּטיילונג איז גענעראַל דזשוליוס קליין פון וואַשינגטאָן, נאַציאָנאַלער קאָמאַנדיר פון די אידי־שע מלחמה וועטעראַנען אין אַמעריקע, וועלכער העלפט די הצלת נפשות אַרבעט פון אונזער אָרגאַניזאַציע.

הרב אברהם דוד געלבפיש, איינער פון די באַוואוסטע גדו־לי התורה און פירער פון דער לובלינער ישיבה, איז באַשטימט געוואָרן אַלס מנהל.

אין אַן אויפרוף פון הרב א. מ. הערשבערג, פּרעזידענט

פון „הסתדרות חכמי לובלין" ווערן אלע אמעריקאנער אידן געבעטן צו העלפן אין דער הייליקער ארבעט. שיקן פעק-לאך און אנדערע הילף פאר די ליידנדיקע.

**ביי דער יערליכער קאָנפערענץ אין וועלכער עס האָבן אנטייל גענומען די וויכטיקסטע טוער איז באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפן 150 טויזנט דאָלאַר, היי־יאָר פאַר די פאַרשידענע הילפס־טעטיקייטן.**

עס איז דרינגענד נויטיק, אז יעדער איד וואָס באַגרייפט די גרויסע הצלת נפשות טעטיקייט פון דער הסתדרות חכמי לובלין, וואָס אַרבעט אומדערמידליך אויפצוהאַלטן די יתומים-היימען, די ישיבות און פיל אַנדערע רעליגיעזע אינסטיטו-ציעס אין ארץ ישראל און אין די די. פּי. לאַגערן, ווי אויך דאָ אין אַמעריקע, זאָלן גלייך קומען צו הילף אין אונזער אַרבעט, מיט באַלדיגער פינאַנציעלער הילף.

---

**HISTADRUTH HACHMEY LUBLIN**
WORLD ORGANIZATION

Central Office: 3508 West Roosevelt Road, Room 14
Tel. Sacramento 5970-1

---

**HISTADRUTH HACHMEY LUBLIN**
NEW YORK OFFICE:
673 Broadway, Room 883, New York, N. Y.

---